# י. ל. פּרץ

# פֿאַר יוגנט



„קינדערפֿרײַנד",
וואַרשע

נומער
5
1938

י. ל. פּרץ

# פאַר יוגנט



„קינדערפרײַנד", װאַרשע 1938

# טאניש

## (באַלאַדע)

איר ווייסט מן הסתם
די וועלט איז אַ ים,
מיר זענען פיש;
(טייל זענען העכט,
שליגגען נישט שלעכט...
זאָגט, אפשר ניש׳?).

די וועלט איז אַ ים,
ברייט אָן אַ שיעור.
די פיש זענען מיר,
דער פישער איז ס״ם *).

ער האָט זיך אַלס פישער
בײַם לעבן געשטעלט!
די תאווה — דאָס ווערעמל —
פירט איבער די וועלט!

עס כאַפט ווויל די אַנגל
אַ פיש נאָך אַ פיש;
עס דאַכט זיך — אַ ווערעמל,
אַ בליק נאָר, אַ קוש...

*) — דער טייוול.

נאָר באַלד נאָכן ווערעמל
גייט האָקן און שטריק:
געעקט מיטן לעבן,
אַ סוף פונעם גליק.

און יעדערער ווייסט עס,
און יעדערער קען אים,
דעם שמדניק, דעם שטן,
דעם שר פון גיהנום;

און זעלטן איז עמעץ
באַשירעמט און באַהיט...
אָט, אײַך צו וואָרענען
זינג איך מײַן ליד!

## א.

ס'איז געווען אַ מאָל אַן עילוי,
נישט געקענט די וועלט אפילו,
נ י ש ט געווען אין קלאַס;
פרום דער טאַטע, פרום די מאַמע,
די משפחה – לומדים סאַמע,
גאָר פון עקסטן פאַס!

סאַמע גאונים און למדנים,
מיט אַן „אלף־בית" רבנים,
ס'קלינגט מיט איר די וועלט;
און מבֿינים גרויסע זאָגן:
זיי וועט אַלע איבעריאָגן
מאָניש אונדזער העלד!

מאָניש איז אַ ווילער יונג,
ר'האָט אַ קעפּל פײַער פלינק,
אָנגעפילט מיט תורה!

טרעפט אויך באַלד אַרײַן אין קאַרב,
מעג דער רמב״ם זײַן ווי האַרב,
און דערצו נאָך אַ בעל־קורא!

און אַ שיינער יונג — אַ פּראַכט!
שוואַרצע לאָקן ווי די נאַכט,
קאַרמען־ליפּן — רויזן צוויי!
שוואַרצע ברעמען ווי די בויגן,
ווי דער הימל בלאָע אויגן
און אַ פײַער ברענט אין זיי!

יעדעס ביינדל אין אים לעבט,
און ער גייט נישט, נאָר ער שוועבט —
אָנצוקוקן איז אַ פרייד!

* * *

געלעבט האָבן דעמאָלט
נאָך די אַלטע באַלעבאַטים,
מיט מעשענע ברילן
און זילבערנע בתּים.

גאָלדענע עטרות
און אײַזערנע מוחות —
אַנדערע יאָרן,
גאָר אַנדערע קויכעס.

פול ס'בית־המדרש
מיט קאַרפּענע קעפּ.
מען לערנט נאָך אין פּאָליש,
מען זיצט אויף די טרעפּ.

עס ווערט נישט פאַר חצות
קיין ליכטל פאַרלאָשן;
און פּראָזשבעס צו רענדלעך,
און תּורה מי'גראָשן.

און דעמאָלט האָט מאָניש
אַלס עילוי גערשמט —
די גרעסטע רבנים,
פון ווײַט, פון דער פרעמד:

דער פטיש פון לאַשטשעוו,
דער „סיני" פון קאָזיץ,
דער מאור הגדול
פון קליין־מאזעלבאָזיץ,

זיי קומען אומישנע
פארהערן דעם עילוי!
און טאנצן פאר שימחה:
אתחלתא־דגאולה *).

— ווויל איז דעם טאַטן, וואָס האָט אַזאַ זון,
ווויל איז דער מאַמען, וואָס וועט'ן ערציִען,
ווויל איז דעם דור, וואָס אים פאַרמאָגט!
אין משיחס צײַטן וועט אַזוינס געבוירן!
אָ, ירושלים, עפן אויף דײַנע טויערן! —
דאָס האָבן אַלע רבנים געזאָגט!

ב.

אויפן באַרג אררט,
אויפן הויכן באַרג,
וואָס טראָגט דעם אייביקן
שנײ אויפן קאַרק:

אויפן באַרג אַררט —
לויט עס איז באַשריבן —
איז מיט דער תיבה
נח שטיין געבליבן.

---

*) אָנהייב פון דער אויסלייזונג.

און איז אַרויס פון קאַסטן
מיט שם, חם און יפת,
און מיט אַלע חיות,
בהמות און עופות...

און זיי אַלע זעען
מיט די אייגענע אויגן,
ווי עס הענגט אין הימל
גאָטס פֿײַלנבויגן,

און הערן גאָטס שבועה:
„דאָ שווער איך דיר, וועלט!
עס וועט דיר נישט פעלן
קיין היץ און קיין קעלט!

כאָטש רצחע און האַרגע,
כאָטש גנבע און מסר,
איך וועל דיך נישט טאָפּיען
שוין קיין מאָל אין וואַסער!"

נעטאַנצט האָבן חיות,
חם האָט געלאַכט,
און נח האָט די ערשטע
כּוסע געמאַכט.

---

געשטאָרבן שוין אַלע...
אַ פּעקל מיט יאָרן!
עס שטייט דאָך די תּיבה
ביז הײַנט לזכּרון

דאָרט אונטער די שנייען,
און ס'הענגט אויף דער וואַנט
עד היום דער צוהר
דער גרויסער בריליאַנט.

און דאָרט אין דער תּיבה,
אין שנייען און פרעסט,
דאָרט האָט זיך ס מ א ל
געפלאָכטן אַ נעסט.

און קעגן דעם צוהר
קעמט אַלי׳ אין דער פרי
לילית די גאָלדענע
לאָקן זיך צו.

זי קעמט זיי און קרײַזלט,
און פלעכט זיי קאָקעס,
און ס מ א ל ליגט זיך
און רייכערט אין בעט.

זיי שמועסן פּאַרטרויט
פון דעם און פון יענעם,
ווען צו פּאַקן
אַרײַן אין גיהינום,

ווען צו שמײַסן
מיט אײַזערנע ריטער,
ווען צו פּרעגלען
צום פרישטיק אויף פּוטער!

---

אין אַ שיינעם מאָרגן
קלינגלט עס שטאַרק,
עס ציטערט די תּיבה,
עס צאַפּלט דער באַרג.

ע׳ שפּרינגט שיר סמאל
אַרויס פונעם בעט.
„הערײַן!" עס באַווײַזט זיך
דערשראָקן אַ שד.

מיטגעבראַכט האָט ער
אַן עקסטרע־ראַפּאָרט,
קוים וואָס ער שלוקערצט
אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט:

— אַך, גרויסער מלך!
עס ציטערט דײַן טראָן...
„וואָס איז געשען?
געשווינד, הער באַראָן!"

— אין קיניגרײַך פּוילן,
האַרט בײַ דער גרענעץ,
ליגט זיך אַ שטעטעלע
גרויס ווי אַ גענעץ.

און קוים וואָס מען זעט עס,
מען הערט עס אויך זעלטן.
הײַזלעך ווי ניסלעך,
פון שמות געצעלטן.

אין גאַנצן אַ צענדליק,
צו ציילן אויף פינגער!
עס בײַסן די ציגן
די דעכער פאַר הונגער!

און שטיל ווי אַ קברות,
מענטשן ווי מתים —
קיין גאווה, קיין תאווה,
מען לעבט פון תעניתים.

קיין חסידים, קיין דײַטשן —
האָט תורה אַ קיום,
וואַקסן רבנים,
מען פּאַשעט עילוים...

ציגד וואַקסט נאָך אַ גאון,
וואָס וועט נאָך פאַרשעמען
גאַנץ פוילן און ליטע,
און זאַמוט און בעמען!

און לאָזסטו אים וואַקסן,
און לאָזסטו אים פרײַ,
ביסטו חלילה,
הוד מלכות, פאַרבײַ!

האָסטו פאַרלוירן
גאַנץ פוילן און ליטע,
איז חס־ושלום —
אַן עק פון נישט־גוטע!

וועט ער אונדז יאָגן
מיט שרעקלעכן האַס,
און ברענגען משיחן
חלילה וחס!"

דער ימח־שמו,
ווי ר'האָט עס דערהערט, —
איז אים די שימחה
געוואָרן געשטערט.

ליגט ער און טראַכט
טאָג אַזוי נאַכט,
און רײַבט זיך, און רונצלט דעם שטערן.
— געוואַלט! לילית קרוין!
אַן עצה גיב! שוין!
אַזוינס קאָן די וועלט איבערקערן!

„די נוס איז האַרט,
נאַר, מײַן מאַן, וואַרט —
זי קנאַקט דאָך אונטער די ציין!

ניצחון איז זיס!
גרייט אָן די שפּיז,
דער בראָטן וועט קומען אַליין.

---

אָ, גאָט, האָב רחמנות,
זיי זוכן נקמה!
האַלט, יידן, תּענית
פאַר דער נשמה!

עס שווינדלען די אויגן,
— הייס ווערט און קאַלט.
זי הענגט אויף אַ הערל,
אָט, אָט, אָט, זי פאַלט...

ג.

טראַ־ראַ־ראַ, טראַך!
וואָס איז געשען?
צי האָט נישט דאָרט עמעץ
משיחן געזען?

ווען בלאָזט מען שופר?
דאָך אלול נישט תּמוז!
צי איז ער משוגע
געוואָרן, דער שמש?

וואָס בלאָזט עס און פייפט,
וואָס דונערט און קנאַלט?
פּלאַצן די דעמבעס
און סאָסנעס אין וואַלד?

עס פייפט און קנאַלט,
עס זעצט און עס קנאַקט...
עס יאָגט אַן עקסטערע
פּאָסט פון טראַקט!

אַך, ווער האָט אַזאַ
קלינגען געהערט?
עס פליִען ווי רוחות
— נאַשפּיץ די פערד!

עס קלינגען די גלעקלעך
וואָס אַ מאָל פריִער,
עס שפּריצן די פּאָדקאָוועס
פונקן און פייער,

עס שלענגלט זיך, קנאַקט
אָן רחמים די בייטש,
מען שטייט מיט אָפענע
מיילער: וואָס טייטש?

צו זען דאָס וווּנדער
זענען אַרויס
קראַנקע פון בעטן,
לומדים פון קלויז,

קינדער פון חדר —
איינס אין דער מיט
אין האַנט די תחתונים —
פון אונטער דער רוט.

דאָרט לויפט אַ שוחט
בלייך ווי די וואַנט,
אַ נישט דערקוילעטער
האָן אין דער האַנט.

ער האָט אין מיטן
דאָס פייפן געהערט,
און — במקום דעם האָן
דעם חלף אויף דר׳ערד?

און פליט אויפן רבל
אַרויף ווי אַ קויל,
אַרײַן מיטן חוטם
אין אָפּענעם מויל!

און דאָ לויפט אַ טויבע
און ברעכט זיך די הענט:
„שרײַט, ייִדן, העכער!
ייִדן, וווּ ברענט?"

אויסגעלאָזט האָט זיך
די מעשה גאָר פּראָסט:
אַ דײַטש איז געקומען
פון דאַנציג מיט פּאָסט!

מיטגעבראַכט האָט ער
גאָר אוצרות מיט געלט!
גיין וועט אַ מסחר!
זײַן וועט אַ וועלט!

און גאָט האָט דאָס שטעטל
מיט מיחיה באַגליקט,
ער האָט זיי פון הימל
אַן אוצר געשיקט.

עס האַנדלט דאָס דײַטשל
מיט כלערליי תבואות,
קויפט גאָלד און טאָלער
און מאַכט נישט קיין שהיות!

אַלץ ווערט מיט גאָלדענע
רענדלעך געוויגן,
דעם סוחר ווערט פרייליך
און ליכטיק אין ד'אויגן!

הייבן אָן האַנדלען
די שוחטים, דיינים...
עס לויפן, עס קויפן
מלמדים, בטלנים...

אַז אַלעס איז סחורה,
און פאַרשוס — אַ רעגן!
און פויערן מיט פורן
פאַרלייגן די וועגן!

און אַלץ איז אַ סחורה,
געקויפט און געשטעלט!
שיטן אָן יידעלעך
פעסלעך מיט געלט!

אַך, ווער געדענקט
אַזאַ גאָלדענע צײַט?
מען טראָגט אין דער וואָכן
נאָר אַטלעס און זײַד!

און חתונות מאַכט מען
טאָג־טעגלעך כסדר,
באַוואָרפן די שנײַדער
מיט חתונה־קליידער.

עס זענען אָן הענט שוין
די קלעזמער געבליבן,
די חופה צעריסן,
די שטאַנגען צעריבן.

עס האָט שוין דער בדחן
קיין כוח צו לאַכן,
מען קריגט שוין קיין וואַקס ניט,
הבדלות צו מאַכן.

לעקעך פאַר ברויט שטאַנג,
אוּן ניס, פּאָמעראַנצן !...
עס קאָכט ווי אַ קעסל
דאָס שטעטל אין גאַנצן !

נאָר דער דײַטש האָט מיטגעבראַכט
אַ ב ת - י ח י ד ה ל ע אַ פּראַכט:
גאָלדענע לאָקן ביז די פיס!
אויגן בלישטשען ווי די שטערן,
און אַ קול — אַ פרייד צו הערן!
און אַ שטימע — צוקער זיס!

און זי גייט נישט, נאָר זי שפּרינגט,
און זי רעדט נישט, נאָר זי זינגט,
פריילעך, לוסטיק טאָג און נאַכט!
און לאָזט אַרויס איר קול מאַרי,
העלפט דאָס גאַנצע הויז איר צו,
קנאַקט מאַר לאַכן, ווען זי לאַכט!

כאַ! כאַ! קלינגט עס ווי אַ גלאָק!
יעדעס שטיינדל, יעדער טשוואָק,
וואַנט און דאַך, דאָס הויז אין גאַנצן!
עס לייגט די אָל אַוועק דער שוסטער,
און דער מאַרשאַלעק דער וויסטער
כאַפּט זײַן גרונע טאַנצן!

און אַז מאָניש גייט כּסדר
יעדן מאָרגן פרי אין חדר,
בלײַבט ער שטיין בײַם טויער...
דעמאָלט זינגט א פראַכט מאַרי,
און איר טרעלן-מעלאָדי
דרינגט אים טיף אין אויער!

עס דרינגט אַרײַן אין האַרץ אים טיף,
און אויפֿן אײַנגעבױגן מאָטיוו,
מיט דער זעלבער מעלאָדיע,
זינגט דערנאָך ער די גמרא.
און איז מטעים יעדע סברא,
דרייט נאָך מיטן פינגער צו!

נאָר אַ שווייס ליגט אויפֿן שטערן,
און די אויגן — פֿײַכט פֿון טרערן,
און דאָס פּנים בלאַס ווי קרײַד.
דער רבי זײַנער זיצט פֿאַרצוקט,
ס'שטייט די רביצין און קוקט:
„אוי, ווער ווייסט, וואָס דאָס באַטײַט!

* *
*

דער פֿאָטער — פֿאַרנומען,
אין אַלעם פֿאַרגעסן;
אין דער היים זעלטן
אַ שבת געזעסן.

עס זעט דאָך די מוטער,
ווי מאָניש פֿאַרשווינדט;
זי שרעקט זיך און פֿרעגט אים:
וואָס איז דיר, מײַן קינד?

וואָס לאָזט זיך דײַן קול
אַזוי וויינענדיק הערן?
וואָס האָסטו אין די אויגן
נאָר טרערן און טרערן?

וואָס ביסטו אַזוי בלאַס,
מײַן איינציקעס קינד?
ווער האָט דיר פֿאַרלאָשן,
זאָג, וואָס פֿאַר אַ ווינט,

די אייגעלעך דיינע,
די שיינע הבדלות?
ווי האָסטו בענומען
ניגונים — יללות?

און אַן עין־הרע,
געזונט זיי און שטאַרק,
דו פלעגסט דאָך צו זינגען,
פונקט אַ קאַנאַרעק,

אַ שטייגער, אַ וואָלאַך,
צי אַנדערע זאַכן!
עס פלעגט דאָך פאַר תענוג
דאָס האַרץ אין מיר לאַכן,

אַז דו פלעגסט זינגען
די זמירות בײַם עסן;
הײַנט האָסטו גאָר יענע
ניגונים פאַרגעסן!

הײַנט זינגסטו גאָר אַנדערש,
הײַנט זינגסטו נישט גוט,
עס קלעמט מיר דאָס האַרץ צו,
עס קילט מיר דאָס בלוט;

עס שנײַדט ווי מיט מעסער,
אין האַרץ דײַן געזאַנג!
וואָס איז פאַר אַ שטייגער,
וואָס איז פאַר אַ גאַנג?

פלעגסט אַ מאָל העלפן
דעם חזן אין שול...
גאָר אַנדערע קולות,
און אַנדער געפיל;

אצינד עמעץ אנדערש
זינגט פון דיר ארויס!
וואס איז דיר, מײַן לעבן?
דער מאַמען זאג אויס!

— צי ווייס איך דען, מאמע,
וואס ס'זינגט דארט אין מיר?
איך ווייס נאר, אין הארץ איז
גאר אנדערש ווי פריִער!

איך ווייס נישט, וואס ס'איז מיר,
עס נאגט דאך אין הארץ;
און פלוצלונג פאר ד'אויגן
ווערט פינצ ער און שוארץ...

עס הייבט אן צו ברענען
ווי פײַער אין מוח;
עס רײַסן זיך קולות
פון האלדז אויס מיט כוח!

און אטעם פארפעלט מיר,
ס'איז ענג אין דער ברוסט,
איך וויל זיי פארהאלטן
די טענער, אומזיסט!

זיי פליִען ווי פייגל
ארויס פון א נעסט...
און — אזוי זינגט זיך...
אט, ווי דו זעסט!

ד.

אינעם שטעטל איז געווען
פון קדמונים א מפולת!
דארטן פלעגן לצים וווינען,
מוזיצירן, מאכן קולות.

קרייען, מיאַוטשען, קוויטשען, בילן,
אָדער סווישטשען ווי דער ווינט.
אויפן דאַך גייט אויף דער וואַך
אַרום אַן אַלטער שוואַרצער הונט;

ס'פלעגט אַרויסצוּוואַרפן שטיינער,
גאַנצע פודן אויף דער וואָג,
און עס פלעגן זיך באַווייזן
די גייסט-גוטע טאָג אויף טאָג!

ווייבער, מענער, יידן, קריסטן
ווייכן לאַנג די גאַנצע גאַס;
און מיט הויכן גראָז באַוואַקסן
שטייען הײַזלעך פוסטע-פּאַס!

דאָרט בײַ נאַכט באַווייזט זיך מאָניש,
צו דער חורבה גייט ער צו,
ס'קלאַפּט דאָס האַרץ ווי בײַ אַ גזלן:
דאָרטן וואַרט אויף אים מאַרי!

אים באַגלייטן צוויי מלאכים:
אין דער לינקער זײַט אַ שלעכטער,
און מיט טרערן אין די אויגן
גייט דער גוטער אין דער רעכטער

און דער גוטער מלאָך רוימט אים
אין דעם רעכטן אויער אַרײַן:
„האָב רחמנות, דײַן נשמה
זאָל פאַר גאָט נישט זינדיק זײַן!

„חייס, די וועלט האָט ער באַשאַפן,
„וואָס אין הימל, וואָס אויף דר'ערד:
„זון, לבנה, אַלע שטערן,
„אַלע אָקסן, אַלע פערד,

„ער פֿאַרזאָרגט אויך לייבן, בערן,
„גיט פּרנסה שאָף און רינדער.
„האָט דעם מענטש זיך אויסגעקליבן,
„ער זאָל לויבן זײַנע וואונדער.

„און דעם תּמצית פֿון די אומות
„האָט ער ייִדן אויסגעצויגן,
„און זעקס הונדערט דרײַצן מצוות
„אָפּגעמאָסטן, אָפּגעוואויגן!

„טו נאָר תּשובֿה, און ער וועט דיך
„מיט ש״י עולמות פֿאַרגעלטן!
„אוי, בּאַרעכן! אין מאָרי דען
וועט דרײַ הונדערט מיט צען וועלטן!״

חוזק מאַכט דער שלעכטער מלאך,
רוימט אין לינקן אויער אַרײַן:
— האָסט נאָך צײַט אויף עולם הבא!
און ער וועט דיר מוחל זײַן!

צי האָט ראובֿן נישט געזינדיקט?
אָדער דוויד און בּת שבֿע?
אַלע זענען אין גן-עדן,
ווײַל ער האָט אַ גוטע טבֿע!

און אַ ליאַדע קרום, אַ טרער,
אין אַ ווינטערטאָג אַ תּענית,
און אַ וואָרט: „איך וועל נישט מער!״
און ער גלייבט דיר אויף נאמנות!

אַזוי טענהן די מלאָכים.
און דער ישוב דויערט נישט לאַנג...
אַט זי ווײַזט זיך שוין אין פֿענצטער,
און עס הערט זיך איר געזאַנג.

פלאַמען ברענען איר אין די אויגן,
אַלע תאוות — אין איר ליד!
און ער פליט שוין פייל פון בויגן,
און דאָס בלוט עס קאָכט און זידט!

---

טויזנט גרילן, טויזנט שפינען,
פלעדערמייז און איילן *) הערן,
זייער זינגען, לאַכן, קושן,
זייער קושן, האַלדזן, שווערן...

און ער שווערט איר הייסע ליבע
ביי זיין לעבן, ביים געזונט;
דאָך זי שמייכלט: — אַן שבועה
טראָגט אַוועק דער לייכטסטער ווינט!

און ער שווערט איר ביי די ציצית,
ביי די פאות, ביי די תפילין,
און ביי שופר של משיח...
„זאָג וואָס נאָך? אום גאָטעס ווילן?"

און ער שווערט איר הייסע ליבע
אַלץ פאַרברענטער און פאַרשטייטער,
און זי שמייכלט, און זי בעט זיך:
— שווער נאָר ווייטער, ווייטער, ווייטער...

און ער שווערט איר ביי זיין טאַטן,
ביי דער גוטער פרומער מאַמען;
ביי דער באָבען, ביי דעם זיידן,
און ביי אַלע נאָך צוזאַמען...

אויף איר ליפּ שפּילט אַ שמייכל
און די אויגן אירע גלאַנצן,
און זי בעט זיך: — ווייטער, ווייטער!
זי וויל זיכער זיין אין גאַנצן!

---

*) סאָוועס.

ווײַל אַ בחור קאָן פאַרפירן,
קען פאַרגעסן, האָט זי מורא...
און ער שווערט איר בײַם פּרוכת,
בײַ דעם כּתר, בײַ דער תּורה!

און זי בעט זיך: — העכער! העכער!
זי וויל זיכער זײַן אין גאַנצן!
און זי כשופט מיט איר אָטעם
און די אויגן בלישטשען, גלאַנצן...

און ער גרייפט אַלץ העכער, העכער,
האָט גאָטס נאָמען אויסגערופן!...
. . . . . . . . . . . . . . . . . .
פונעם הימל קנאַלט אַ דונער,
פון גיהינום פונעם טיפן

אַ געלעכטער, אַ געוודער.
און ער פליט שוין „פאַר קאַנוואָיעם"
אויף אַ בעזעם אין דער הייך.

---

אויפן באַרג אַררט דאָרטן
איז אַ לעבן, אַ געפילדער.
ס'איז אַ באַל דאָרט אין דער תּיבה,
און אַ שרעקלינבער, אַ ווילדער.

און קאַפּעלן (יענע וועלטי-
קע ציגײַנער) מוזיצירן,
און שאַמפּאַניער – ווי וואַסער,
און די רוחות קאַנקאַנירן!

לאָמפּן — טויזנט פעסטער סמאָלע,
די רשעים זענען קנויטן;
ס'גייט אַרום אַן עקסטרע שדל
מיט אַ שערל צו די צויטן!

און די קיניגין איז לילית!
אין די אויגן האָט זי בליצן;
און ס מ א ל טראָגט איר לאַנגע
שלעפּ מיט בראַבאַנדער שפּיצן.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

אין דער טיר דאָרט שטייט געשלאָסן
אונדזער מאַניש אויף אַ קייט...
און מען לייגט שוין אָן אַ פֿײַער
און די שפּיז איז צוגעגרייט!

# באַנטשע שווײַג

דאָ, אויף דער וועלט, האָט באַנטשע שווײַגס טויט גאָר קיין אײַנדרוק נישט געמאַכט! פּרעגט עמעצן בחרם: ווער באַנטשע איז געווען, ווי אַזוי ער האָט געלעבט, אויף וואָס ער איז געשטאָרבן! צי האָט אין אים דאָס האַרץ געפּלאַצט, צי די כּוחות זענען אים אויסגעגאַנגען, צי דער מאַרך-ביין האָט זיך אונטערגעבראָכן אונטער אַ שווערער לאַסט... ווער ווייסט! עפּשער איז ער גאָר פֿאַר הונגער געשטאָרבן!

אַ פֿערד אין טראַמוויי זאָל פֿאַלן, וואָלט מען זיך מער אינטערעסירט. עס וואָלטן צײַטונגען געשריבן, הונדערטער מענטשן וואָלטן פֿון אַלע גאַסן געלאָפֿן און די נעפּיילע באַ-קוקט; באַטראַכט אַפֿילע דעם אָרט, ווו די מאַפּאָלע איז גע-ווען...

באַנטשע האָט שטיל געלעבט און איז שטיל געשטאָרבן; ווי אַ שאָטן איז ער דורך דורך אונדזער וועלט!

אויף באַנטשעס ברית האָט מען קיין ווײַן נישט געטרונ-קען, עס האָבן קיין כּוסעס געקלונגען! צו בר-מיצווה האָט ער קיין קלינגענדיקע דרשה נישט געזאָגט... געלעבט האָט ער ווי אַ גרוי קליין קע-נדל זאַמד בײַם ברעג פֿון ים צווישן מיליאָנען זײַנס גלײַכן; און אַז דער ווינט האָט עס אויפֿגעהויבן און אויף דער אַנדערער זײַט ים אַריבערגעיאָגט, האָט עס קיינער נישט באַמערקט!

בײַם לעבן האָט די נאַסע בלאָטע קיין צייכן פֿון זײַן פֿוס נישט באַהאַלטן; נאָכן טויט — האָט דער ווינט דאָס קליינע ברעטל פֿון זײַן קבר אומגעוואָרפֿן: דעם קברנס ווײַב האָט עס געפֿונען ווײַט פֿון קבר און דערבײַ אַ טעפּל

קאַרטאָפל אָפּגעקאָכט... עס איז דריי טעג נאָך באָנטשעס טויט, פרעגט דעם קברן בחרם, ווו ער האָט אים געלייגט!

אַ שאָטן! זיין פאָטאָגראַפיע איז נישט געבליבן ביי קיי-נעם אין מויעך, ביי קיינעם אין האַרץ; עס איז פון אים קיין זכר געבליבן!

קיין קינד, קיין ריגד; עלנט געלעבט — עלנט גע-שטאָרבן!

ווען נישט דאָס מענטשלעכע גערודער, וואָלט אפשר עמעצער אַ מאָל דערהערט, ווי באָנטשעס מאַרכביין האָט אונ-טער דער לאַסט געקנאַקט; וואָלט די וועלט מער צייט געהאַט, וואָלט עמעצער אפשר אַ מאָל באַמערקט, אַז באָנטשע (אויך אַ מענטש) האָט לעבעדיקערהייט צוויי אויסגעלאָשענע אויגן און שרעקלעך איינגעפאַלענע באַקן; אַז אַפילו ווען ער האָט גאָר שוין קיין לאַסט אויף די פּלייצעס, איז אים אויך דער קאָפּ צו דער ערד געבויגן, גלייך ער וואָלט לעבעדיקערהייט זיין קבר געזוכט! וואָלטן אַזוי ווייניק מענטשן ווי פערד אין טראַמוויי געווען, וואָלט אפשר אַ מאָל עמעצער געפרעגט: ווו איז באָנטשע אַהינגעקומען??!

ווען מען האָט באָנטשען אין שפּיטאָל אַריינגעפירט, איז זיין ווינקל אין סוטערינע נישט ליידיק געבליבן — עס האָבן דערויף צען זיינס גלייכן געוואַרט, און צווישן זיך דעם ווינקל „אין פּלוס" ליציטירט; ווען מען האָט אים פון שפּיטאָלבעט אין טויטנשטיבל אַריינגעטראָגן, האָבן אויפן בעט צוואַנציק אָרעמע קראַנקע געוואַרט... ווען ער איז אַרויס פון טויטנשטיבל — האָט מען צוואַנציק הרוגים פון אונטער אַן איינגעפאַלן הויז געבראַכט — — — ווער ווייסט, ווי לאַנג ער וועט רויִק ווױ-נען אין קבר? ווער ווייסט, וויפל עס וואַרטן שוין אויף דעם שטיקל פּלאַץ?...

שטיל געבוירן, שטיל געלעבט, שטיל געשטאָרבן און נאָך שטילער באַגראָבן.

נאָר נישט אַזוי איז געווען אויף יענער וועלט! דאָרטן האָט באָנטשעס טויט אַ גרויסן איינדרוק געמאַכט!

דער גרויסער שופר פון משיחס צייטן האָט געקלונ-גען אין אַלע זיבן הימלען: באָנטשע שווייג איז ניפטר גע-

וואָרן! די גרעסטע מלאָכים מיט די ברייטסטע פליגל ווענען געפלויגן און איינער האָט דעם אַנדערן איבערגעגעבן: באַנטשע איז „נתבקש געוואָרן בישיבה של מעלה"! אין גן־עדן איז אַ רעש, אַ שימחה, אַ גערודער: „באַנטשע שוויַיג! אַ שפּאַס־באַנטשע שוויַיג!!!"

יונגע מלאָכימלעך מיט ברילִיאַנטענע אייגעלעך, גאָלדענע דראָט־אַרבעטענע פליגעלעך און זילבערנע פּאַנטאָפעלעך זענען באַנטשען אַקעגן געלאָפן מיט שׂימחה! דער גערויש פון די פליגל, דאָס קלאַפּן פון די פּאַנטאָפעלעך און דאָס פריילעכע לאַכן פון די יונגע, פרישע, רויזיקע מיַילעכלעך האָט פאַרפולט אַלע הימלען און איז צוגעקומען ביז צום כסא הכבוד, און גאָט אַליין האָט שוין אויך געוווּסט, אַז באַנטשע שוויַיג קומט!

אַברהם אבינו האָט זיך אין טויער פון הימל געשטעלט, די רעכטע האַנט אויסגעשטרעקט צום ברייטן „שלום עליכם", און אַ זיסער שמייכל שײַנט אַזוי העל אויף זײַן אַלטן פּנים!

וואָס רעדלט אַזוי אין הימל?

דאָס האָבן צוויי מלאָכים אין גן־עדן אַריַין פאַר באַנטשען געבראַכט אַ גינגאָלדענע פאָטערשטול אויף רעדלעך געפירט!

וואָס האָט אַזוי העל געבליצט?

דאָס האָט מען דורכגעפירט אַ גאָלדענע קרוין מיט די טײַערסטע שטיינער געזעצט! אַלץ פאַר באַנטשען!

— נאָך פאַר'ן פּסק פון בית־דין של מעלה? — פרעגן די צדיקים פאַרוווּנדערט און נישט גאָר אָן קנאה.

— אָ! — ענטפערן די מלאָכים. — דאָס וועט זײַן אַ פּראָסטע פּוסטע פאָרמע! קעגן באַנטשע שוויַיג וועט אַפילו דער קטיגור קיין וואָרט אין מויל נישט געפינען! די „דיעלע" וועט דויערן פינף מינוט!

— איר שפּילט זיך מיט באַנטשע שוויַיג?

---

אַז די מלאָכימלעך האָבן באַנטשען געכאַפּט אין דער לופט און אָפּגעשפּילט אים אַ זמר; אַז אַברהם אבינו האָט אים ווי אַן אַלטן קאַמעראַד די האַנט געשאָקלט; אַז ער האָט געהערט, אַז זײַן שטול איז גרייט אין גן־עדן, אַז אויף זײַן קאָפּ

וואָרט אַ קרוין; אַז אין בית־דין של מעלה וועט מען איבער אים קיין וואָרט נישט רעדן — האָט באָנטשע, גלײַך ווי אויף יענער וועלט, געשוויגן פאַר שרעק! עס איז אים דאָס האַרץ אַנטגאַנגען! ער איז זיכער, אַז דאָס מוז זײַן אַ חלום, אָדער אַ פּראָסטער טעות!

ער איז צוביידע געוווינט! נישט איין מאָל האָט זיך אים אויף יענער וועלט געחלומט, אַז ער קלײַבט געלט אויף דער פּאָדלאָגע, גאַנצע אוצרות ליגן, און אויפגעכאַפּט האָט ער זיך נאָך אַ גרעסערער קבצן ווי נעכטן... נישט איין מאָל האָט אים עמעץ פאַר טעות צוגעשמייכלט, אַ גוט וואָרט געזאָגט און אי־בערגעדרייט זיך און אויסגעשפּיגן...

— מײַן מזל — טראַכט ער, — איז שוין אַזוי!

און ער האָט מוירע געהאַט די אויגן אויפצוהייבן, דער חלום זאָל נישט פאַרשווינדן; ער זאָל זיך נישט אויפכאַפּן ער־געץ אין אַ הייל צווישן שלאַנגען און עקדישן! ער האָט מוירע פון מויל אַ קלאַנג אַרויסצולאָזן, מיט אַ גליד אַ ריר צו טון — מען זאָל אים נישט דערקענען און אַוועקשלײַדערן אויף כּף־הקלע...

ער ציטערט און הערט נישט די מלאָכימס קאָמפּלימענטן, זעט נישט זייער טאַנצן אַרום אים, ער ענטפערט נישט אַברהם־אָבינון אויפן הערלעכן „שלום עליכם“. און — געפירט צום בית־דין של מעלה — זאָגט ער אים קיין „גוט־מאָרגן“ נישט...

אויסער זיך איז ער פאַר שרעק!

און זײַן שרעק איז נאָך גרעסער געוואָרן, אַז ער האָט, נישט ווילנדיק, דערזען די פּאָדלאָגע פון בית־דין של מעלה — סאַמע אַלאַבאַסטער מיט בריליאַנטן! „אויף אַזאַ פּאָדלאָגע שטייען מײַנע פיס!“ — ער ווערט אין גאַנצן פאַרשטאַרט! „ווער ווייסט, וועלכן גביר, וועלכן רב, וועלכן צדיק מען מיינט... ער וועט קומען — וועט זײַן מײַן פינצטערער סוף!“

פאַר שרעק האָט ער אַפילו נישט געהערט, ווי דער פּרע־זעס האָט בפירוש אויסגערופן: „די דיעלע פון באָנטשע שווײַג!“ און, דערלאַנגענדיק דעם מליץ־יושר די אַקטן, געזאָגט: „לייען באַר בקיצור!“

מיט באָנטשען דרייט זיך דער גאַנצער סאַלאָן. עס רוישט

אים אין די אויערן, אינעם גערויש הערט ער דאָך אַלע מאָל שאַרפער און שאַרפער דעם מלאך־מליצס זיס קול ווי אַ פידל.

— זײַן נאָמען — הערט ער — האָט אים געפּאַסט, ווי צו אַ שלאַנק לײַב אַ קלייד פון אַן אַרטיסט אַ שנײַדערס האַנט.

— וואָס רעדט ער? — פרעגט זיך באָנטשע, און ער הערט ווי אַן אומגעדולדיק קול האַקט אים איבער און זאָגט:

— נאָר אָן משלים!

— ער האָט זיך קיין מאָל — הייבט ווײַטער אָן דער מליץ יושר — — אויף קיינעם נישט געקלאָגט, נישט אויף גאָט, נישט אויף לײַט; אין זײַן אויג האָט קיין מאָל נישט אויפגעפלאַמט קיין פונק פון האַס, ער האָט עס קיין מאָל נישט אויפגעהויבן מיט אַ פּרעטענסיע צום הימל.

באָנטשע פאַרשטייט ווײַטער נישט אַ וואָרט, און דאָס האַר־טע קול שלאָגט ווײַטער איבער:

— — אָן רעטאָריק!

— איוב האָט נישט אויסגעהאַלטן, ער איז אומגליקלעכער געווען — —

— פאַקטן, טרוקענע פאַקטן! — רופט נאָך אומגעדולדיקער דער פּרעזעס.

— ער האָט אַלץ געשוויגן (פירט ווײַטער דער מליץ־יושר), אַפילו ווען די מוטער איז געשטאָרבן און ער האָט צו דרײַצן יאָר אַ שטיפמאַמע באַקומען... אַ שטיפמאַמע אַ שלאַנג, אַ מרשעת...

— מיינט מען דאָך אפשר מיך? טראַכט — באָנטשע.

— אָן אינסינואַציעס אויף דריטע פּערזאָנען, — בייזערט זיך דער פּרעזעס.

— זי פלעגט אים קאַרגן דעם ביסן... אייערנעכטיק פאַר־שימלט ברויט... האָרפלאַקס פאַר פלייש... און זי האָט קאַווע מיט סמעטענע געטרונקען —

— צו דער זאַך! — שרײַט דער פּרעזעס.

— זי האָט אים פאַר דאָס קיין נעגל נישט געקאַרגט און זײַן ברוין און בלוי לײַב פלעגט אַרויסקוקן דורך אַלע לעכער פון זײַנע פאַרשימלט־צעריסענע קליידער... ווינטער אין די גרעסטע פרעסט האָט ער איר באָרוועס אויפן הויף האָלץ געהאַקט, און די הענט זענען צו יונג און צו שוואַך געווען, די קלעצלעך צו

דיק, די האַק צו שטומפּיק... נישט איין מאָל האָט ער זיך די האַנט פון די געלענקען אויסגעריסן, נישט איין מאָל האָט ער זיך די פיס אָפּגעפרוירן, נאָר געשוויגן האָט ער, אַפילו זיך פאַרן פאָטער...

— . פאַרן שיכּור! — לאַכט אַריין דער קטיגור, און באַנטשען ווערט קאַלט איך אַלע אברים.

— ...נישט געקלאָגט, — ענדיקט דער מליץ יושר דעם זאַץ.

— און שטענדיק עלנט — פירט ער ווייטער — קיין חבר, קיין תּלמוד-תּורה, קיין חדר... קיין גאַנץ בגד... קיין פרייע מינוט...

— פאַקטן! — רופט ווייטער דער פּרעזעס.

— ער האָט געשוויגן אַפילו שפּעטער, ווען דער פאָטער האָט אים שיכּורערהייט אַ מאָל אָנגעכאַפּט ביי די האָר און אין מיטן אַ שנייענדיקער ווינטערנאַכט אַרויסגעוואָרפן פון שטוב! ער האָט זיך שטיל אויפגעהויבן פון שניי און איז אַנטלאָפן, ווו די אויגן האָבן אים געטראָגן...

אויפן גאַנצן וועג האָט ער געשוויגן... ביים גרעסטן הונ-גער האָט ער נאָר מיט די אויגן געבעטלט!

ערשט אין אַ שווינדלדיקער, נאַסער פרילינגנאַכט איז ער אין אַ גרויסער שטאָט אַריינגעקומען; ער איז אַריין ווי אַ טראָפּן אין אַ ים און דאָך האָט ער די אייגענע נאַכט אין אַרעסט פאַרבראַכט... ער האָט געשוויגן, נישט געפרעגט פאַר וואָס, פאַר ווען? ער איז אַרויס, און די שווערסטע אַרבעט געזוכט! נאָר ער האָט געשוויגן!

שווערער פאַר דער אַרבעט איז געווען — זי צו געפינען. ער האָט געשוויגן!

באָדנדיק זיך אין קאַלטן שווייס, צוזאַמענגעדריקט אונ-טער דער שווערסטער לאַסט, ביים גרעסטן קראַמף אין ליידיקן מאָגן — האָט ער געשוויגן!

באַשפּריצט פון פרעמדער בלאָטע, באַשפּיגן פון פרעמדע מיילער, געיאָגט פון טראָטוואַרן מיט דער שווערסטער לאַסט אַראָפּ אין גאַס צווישן דראָשקעס, קאַרעטן און טראַמווייס, קוקנדיק יעדע מינוט דעם טויט אין די אויגן אַריין — האָט ער געשוויגן!

ער האָט קיין מאָל נישט איבערגערעכנט, וויפל פּוד לאַסט עס קומט אויס אויף אַ גראָשן, וויפל מאָל ער איז געפאַלן בײַ יעדן גאַנג פאַר אַ דרײַער, וויפל מאָל ער האָט שיִער נישט די נשמה אויסגעשפּיגן, מאָנענדיק זײַן פאַרדינסט; ער האָט נישט גערעכנט, נישט זײַן, נישט י ע נ ע מ ס מזל, נאָר גע־שוויגן!

זײַן אייגן פאַרדינסט האָט ער אויך נישט הויך געמאָנט! ווי אַ בעטלער האָט ער זיך בײַ דער טיר געשטעלט, און אין די אויגן האָט זיך אַ הינטישע בקשה געמאָלט! „קום שפּע־טערן״, און ער איז פאַרשוווּנדן שטיל ווי אַ שאָטן, כדי שפּע־טער נאָך שטילער אויסצובעטלען זײַן פאַרדינסט!

ער האָט אַפילו געשוויגן, ווען מען פלעגט אים אָפּרײַסן פון זײַן פאַרדינסט אָדער אַרײַנוואַרפן אַ פאַלשע מטבע!...

ער האָט אַלץ געשוויגן...

— מיינט מען דאָך טאַקע מיך! — טרייסט זיך באָנטשע.

— איין מאָל — פירט ווײַטער דער מליץ יושר נאָך אַ טרונק וואַסער. — איז אין זײַן לעבן אַן ענדערונג געשען... עס איז דורכגעפלויגן אַ קאָטש אויף גומענע רעדער מיט צעפלאָ־שעשע פערד... דער שמײַסער איז שוין לאַנג פון ווײַטנס גע־לעגן מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ אויפן ברוק... פון די דער־שראָקענע פערדס מײַלער שפּריצט דער שוים, פון אונטער די פאָדקאָוועס יאָגן זיך פונקען, די אויגן בלישטשען ווי ברע־נענדיקע שטורקאַצן אין אַ פינצטערער נאַכט — און אין קאָטש זיצט נישט טויט נישט לעבעדיק אַ מענטש!

און באָנטשע האָט די פערד פאַרהאַלטן.

און דער געראַטעוועטער איז געווען אַ ייִד אַ בעל־צדקה און האָט באָנטשען די טובה נישט פאַרגעסן!

ער האָט אים דעם געהאַרגעטנס בײַטש איבערגעגעבן! באָנטשע איז אַ שמײַסער געוואָרן!

און באָנטשע האָט אַלץ געשוויגן!

— מיך מיינט מען, מיך! — באַפעסטיקט זיך באָנטשע אין דער דעה, און האָט דאָך נישט די העזה אַן אויג צו וואַרפן אויפן בית־דין של מעלה...

ער הערט זיך ווײַטער אײַן צום מלאך־מליץ:

— ער האָט געשוויגן אַפילו, ווען זײַן בעל־טובה האָט אין קורצן באַנקראָטירט און אים זײַן לוין נישט באַצאָלט...

ער האָט געשוויגן אַפילו, ווען דאָס ווײַב איז אַנטלאָפן און איבערגעלאָזט אים אַ קינד בײַ דער ברוסט...

ער האָט געשוויגן אַפילו מיט פופצן יאָר שפּעטער, ווען דאָס קינד איז אויפגעוואַקסן און גענוג שטאַרק געווען — באַנ־טשען אַרויסצוּוואַרפן פון שטוב...

— מיך מיינט מען, מיך! — פרייט זיך באָנטשע.

— ער האָט אַפילו געשוויגן — הייבט אָן ווייכער און טרויעריקער דער מלאך מליץ — ווען דער אייגענער בעל־טובה האָט זיך מיט אַלע אויסגעגלײַכט, נאָר אים קיין גראָשן שכירות נישט צוריקגעגעבן. און אַפילו דעמאָלט, ווען ער איז באָנטשען ווײַטער פאָרנדיק אויף אַ קאָטש מיט גומענע רעדער און פערד ווי לייבן) איבערגעפאָרן...

ער האָט אַלץ געשוויגן! ער האָט אַפילו דער פּאָליציי נישט געזאָגט, ווער עס האָט אים צו רעכט געמאַכט...

ער האָט געשוויגן אַפילו אין שפּיטאָל, וווּ מען מ ע ג שוין שרײַען!

ער האָט געשוויגן אַפילו, ווען דער דאָקטער האָט אָן פופצן קאָפּיקעס נישט געוואָלט צוגיין צו זײַן בעט, און דער וועכטער — אָן פינף קאָפּיקעס טוישן אים די וועש!

ער האָט געשוויגן בײַם גוססן, ער האָט געשוויגן בײַם שטאַרבן...

קיין וואָרט קעגן גאָט, קיין וואָרט קעגן לײַט!

— דיקסי!*)

---

באָנטשע הייבט אָן ווײַטער צו ציטערן אויפן גאַנצן לײַב. ער ווייסט, אַז נאָכן מליץ יושר גייט דער קטיגור! ווער ווייסט, וואָס דער וועט זאָגן? באָנטשע אַליין האָט זײַן לעבן נישט געדענקט. נאָר אויף יענער וועלט האָט ער יעדע מינוט די פריִער...

---

*) כ'האָב געענדיקט רעדן.

דיקע פאַרגעסן... דער מלאך־מליץ האָט אים אַלץ דערמאָנט... ווער ווייסט, וואָס דער קטיגור וועט אים דערמאָנען!

— רבותי!—הייבט אָן אַ שאַרף שטעכעדיק־בריִענדיק קול, נאָר ער האַקט אָפּ...

— רבותי!—הייבט ער נאָך אַ מאָל אָן, נאָר ווייכער און האַקט ווײַטער אָפּ...

ענדלעך הערט זיך פון דעם אייגענעם האַלדז אַרויס כמעט אַ ווייך קול:

— רבותי! ער האָט געשוויגן, וועל איך אויך שווײַגן!

עס ווערט שטיל — און פון פאָרנט הערט זיך אַ נײַע ווייכע ציטערדיקע שטים:

— באָנטשע, מײַן קינד באָנטשע! — רופט אים ווי אַ האַרפע...—מײַן האַרציק קינד באָנטשע!

אין באָנטשען צעוויינט זיך דאָס האַרץ... ער וואָלט שוין אַצינד די אויגן געעפנט, נאָר זיי זענען פאַרפינצטערט פון טרערן... עס איז אים אַזוי זיס וויינענדיק קיין מאָל נישט געווען... „מײַן קינד" „מײַן באָנטשע" — זינט די מוטער איז געשטאָרבן, האָט ער אַזאַ קול און אַזוינע ווערטער נישט געהערט.

— מײַן קינד!—פירט ווײַטער דער אב־בית־דין. — דו האָסט געליטן און געשוויגן! עס איז נישטאָ קיין גאַנץ גליד, קיין גאַנץ ביינדל אין דײַן לײַב אָן אַ ווונד, אָן אַ בלוטיק אָרט. עס איז נישטאָ קיין איין באַהאַלטן אָרט אין דײַן נשמה, ווו עס זאָל נישט בלוטן... און דו האָסט אַלץ געשוויגן...

דאָרט האָט מען זיך נישט פאַרשטאַנען דעריף! דו אַליין האָסט גאָר אפשר נישט געוווּסט, אַז דו קענסט שרײַען און אַז פון דײַן געשריי קענען יריחוס מויערן ציטערן און אײַנפאַלן! דו אַליין האָסט פון דײַן פאַרשלאָפענעם כח נישט געוווּסט...

אויף יענער וועלט האָט מען דײַן שווײַגן נישט באַלוינט, נאָר דאָרט איז דער עולם השקר. דאָ אויפן עולם האמת וועסטו דײַן לוין באַקומען!

דיך וועט דאָס בית־דין של מעלה נישט משפטן, דיר וועט עס נישט פסקענען.

דיר וועט עס קיין חלק נישט אויס, און נישט אָפּ-טיילן:
נעם דיר, וואָס דו ווילסט! אַלץ איז דײַן!

באָנטשע הייבט דאָס ערשטע מאָל די אויגן אויף! ער ווערט ווי פאַרבלענדט פון דעם ליכט פון אַלע זײַטן! אַלץ בלאַנקט, אַלץ בלישטשעט, פון אַלץ יאָגן שטראַלן: פון די ווענט, פון די כּלים, פון די מלאָכים, פון די דיינים! סאַמע ענגלען!

ער לאָזט די מידע אויגן אַראָפּ.

— טאַקע? — פרעגט ער מסופק און פאַרשעמט.

— זיכער! — ענטפערט פעסט דער אב-בית-דין. — זיכער, זאָג איך דיר. אַז אַלץ איז דײַן. אַלץ אין הימל געהערט צו דיר! קלויב און נעם, האָסט דו ווילסט! דו נעמסט נאָר בײַ דיר אַליין!

— טאַקע? — פרעגט באָנטשע נאָך אַ מאָל, נאָר שוין מיט אַ זיכערן קול.

— טאַקע! טאַקע! טאַקע! — ענטפערט מען אים פון אַלע זײַטן.

— נו, אויב אַזוי, — שמייכלט באָנטשע, — וויל איך טאָקע אַלע טאָג אין דער פרי אַ הייסע בולקע מיט פרישער פוטער!

דיינים און מלאָכים האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ פאַרשעמט. דער קטיגור האָט זיך צעלאַכט...

# בײַם גוטס צוקאָפּנס

(פֿון די „פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן״)

דער שמש פֿון גן־עדן — אַ ליכטיקער מלאך, אַן אָפּ־גלאַנץ פֿון זײַן ליבן נאָמענס שטראַלנדיקער געגאָד־קומט אײן מאָל פֿאַר נאַכט פֿון גן־עדן אַרויס און עפֿנט, צערודערט און פֿאַרזאָרגט, אַ פֿענצטערל פֿון הימל, בײגט אַרויס דעם שטראַלנדיקן קאָפּ און װענדט זיך מיט אַ טרויעריקער, ציטערנדיקער שטים צו דער אונטערגײענדיקער זון און פֿרעגט:

— װײסטו ניט, זון, װאָס בײַ לײבל קאָנסקעװאָליער טוט זיך?

די זון שװײַגט, זי װײסט ניט.

נאָך אומרויִקער ציט דער מלאך זײַן שטראַלנדיקן קאָפּ צוריק.

און ניט אומזיסט איז אומרויִק דער מלאך.

שוין מכּמה וכמה שנים רײשן צװײ מאָל אין טאָג אַלע זיבן הימלען מיט לײבל קאָנסקעװאָליערס „שמע ישראל״...

װי אַ זילבערנער שטרוים צעשיט זיך זײַן „אח——ד״ צו־פֿוסנס בײַם כּסא הכּבוד... און עס קײַלערט זיך דער „אחד״ און זומט, און ברומט, און זידט װי אַ מחנה זומערפֿײגעלעך, װאָס גלוסט און בענקט צו דעם פֿלאַם, װערט צוגעצויגן צו אים און בראָט זיך און ברענט אין אים, מיטן גרעסטן תּענוג פֿון „יסורים של אהבה״...

דאָס לעצטע מאָל האָט ער אים צו שחרית געהערט.

צו מנחה האָט ער שוין געפֿעלט!

אין נעבעט און לױבגעזאַנג פֿון אַלע װעלטן איז דערי־בער אַ פּגימה געװען...

אין אָרקעסטער איז פּלוצלונג שטיל געװאָרן אַ כּלי; אַ

סטרונע בײַ אַן ערשטער פידל האָט געפּלאַצט און איז פאַר־שטומט געוואָרן.

צי האָט לײבל קאָנסקעוואָליער פאַרגעסן צו דאַווענען מנחה?

וועט ער זאָגן צוויי שמונה־עשרהס בײַ מעריב?

נידעריקער לאָזט זיך דערווײַל אַראָפּ די זון. די שטיל באַהאַלטענע שאָטנס קריגן רשות אַרויסצוקומען פון זייערע באַהעלטענישן, און זיי קריכן אַרויס פון די שפּאַלטן אין די פעלדזן בײַ ימים, פון גריבער און היילן אין וויסטע מדבריות, פון אונטער ביימער און צווישן צווײַגן און בלעטער אין די טיפסטע וועלדער, און זיי פאַרשפּרייטן זיך איבערן ישוב און פלעכטן זיך אַרום און אַרום...

אין אָט איז אַראָפּ די זון אין גאַנצן. לבנה און שטערן בלאַנקען שטיל שווײַגנדיק אויף און נעמען איבער די ממשלה איבער דער וועלט אויף איבער נאַכט... און זיי שפּינען און וועבן זייער פאַרכישופט שפּינוועבס — אַ זילבער־דינע נעץ איבער דער פאַרמאַטערטער ערד...

עס דויערט נישט לאַנג און מען הערט, ווי מען קלאַפּט אונטן צו חצות...

באַלד הייבט אָן בלאָס און בלאַסער צו ווערן דער צייכן „אמונה" אויף דער זילבערנער טרעסט. אַ דינער, רויטלעכער שטראַל וועקט זיך פון מזרח־זײַט...

דער גן־עדן־שמש וועקט זיך ווי פון אַ טיפן חלום, גייט צו און עפנט נאָך אַ מאָל אַ פענצטערל אין הימל, בייגט אַרויס דעם קאָפּ און רופט, פרעגנדיק:

— לבנה און שטערן, איידער איר פאַרשווינדט, צי קענט איר מיר נישט זאָגן, וואָס עס האָט מיט לײבל קאָנסקעוואָליער פּאַסירט?

און דעמאָלט האָט זיך גאָלדן צעפלאַקערט אַ קליין שטערנדל פון ווײַטן, איז צוגעשוווּמען צום פענצטערל און האָט געענטפערט:

— איך ווייס, ליכטיקער מלאך!

איך בין דורך קאָנסקעוואָליע געשוווּמען און האָב אין זײַן פענצטערל אַרײַנגעקוקט... ער שטאַרבט, לײבל קאָנסקע־

װאָליער... אַן אַלטער מאַן... זײַן װײַסע באָרד איבער דער קאָלדרע בלאַנקט װי ריין זילבער... נאָר דאָס פּנים איז אײַנגעשרומפּן און געל... איך האָב געזען, װי מען האָט אים אַ פעדער אונטער די גאָזלעכער געלייגט; איך האָב אָבער נישט געזען, זי זאָל זיך רירן.

און דער מלאך, דער שמש פון גן־עדן, האָט בײַ קיינעם קיין רשות נישט גענומען. על דעת עצמו איז ער אַראָפּגעשאָסן אויף דער ערד נאָך לייבל קאָנסקעװאָליערס נשמה.

עס װעט אַן אומגעריכטע פרייד זײַן אין גן־עדן.

אַזוי האָט ער געטראַכט.

---

פלינק פליִען מלאָכים, נאָר — די שװאַרצע װי די װײַסע...

און אַז דער ליכטיקער מלאך איז אַראָפּגעקומען, האָט ער שוין געטראָפן אַ פינצטערן מלאך בײַם גוסס צוקאָפּנס...

צי איז דער פינצטערער פריִער אַרויס, צי האָט ער צו אונדז אַ קירצערן װעג? װער װייסט?

— װאָס טוסטו דאָ?,—װוּנדערט זיך דער ליכטיקער מלאך דערשראָקן. — עס איז דאָך לייבל קאָנסקעװאָליער!

— איז װאָס? — לאַכט דער שװאַרצער. און צװיי שורות װײַסע ציין בליצן אים אַרויס פון אויסגעקרימטן מויל...

— דאָס איז מײַן נשמה! איך בין שמש פון גן־עדן.

— זייער אָנגענעם! — מאַכט דער שװאַרצער אַ העויה.— איך בין נאָר אַ לאַפּיטוט פון גיהנום. נאָר לאָמיר זען!

און ער גיט אַ שאַר מיט אַ פוס אונטערן קראַנקנס בעט, און עס רוקט זיך אַרויס אַ פאַרבונדענער זאַק.

— װאָס ליגט דאָ אין זאַק?

— טלית־ותפילין, — װיל דער גוטער מלאך טרעפן.

— אונטערן בעט באַהאַלטן?! עבירות באַהאַלט מען!

און ער בייגט זיך אַראָפּ צום זאַק און בינדט אים אויף, און עפנט אים. און דערלאַנגט אים אַ שטויס מיטן פוס — אַ גאָלדענער גלאַנץ װאַרפט זיך איבער דער שטוב. אַ גאָלדענער קלאַנג לויפט אים נאָך: גאָלדענע רענדלעך שיטן זיך אויס...

— גנבה־געלט, גזלה־געלט! — רופט אויס דער שװאַרצער

מלאך.—אויסגעגאַרט בײַ נישט קלוגע, געדרויבט בײַ אַלמנות, גע־גזלט בײַ יתומים, פון צדקה־פושקעס אַרויסגענומען... מיט בלוי־טיקע טרערן זענען זיי געוואַשן און האַרציקע בלוטפלעקן קלעפּן אין זיי... און זע, ווי ער וועקט זיך, אַז מען רירט זײַן גאָלד!

מיט פאַרשלאָסענע אויגן וואַרפט זיך דער גוסס...

פאַרציטערט בלײַבט דער ווײַסער מלאך און פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים מיט דער ערשטער פּאָר פליגל... דורך אַ שפּאַלט פון לאָדן רײַסט זיך אַרײַן אַ שטראַל פון דער מאָרגנדיקער זון, ער פאַלט איבערן גוססעס ברעמען — זיי ציטערן.

צום לעצטן מאָל עפנט ער האַלב די אויגן אויף:

— ווער איז דאָ?—פרעגן די פאַרשעמטע, פאַרגעלטע ליפּן מיט אַ שאַרף פון אַ פאַרפוילטן בלאָט...

— איך!—ענטפערט דער שלעכטער מלאך. — איך, וואָס איך בין נאָך דײַן נשמה געקומען... קום!

— וואוהין?

— אין גיהינום אַרײַן!

פאַר שרעק פאַלן דעם גוסס צוריק די אויגן צו.

— בעט, בעט גאָט! — רופט דער גוטער מלאך. — טו תשובה... עס איז נאָך צײַט... זײַ מפקיר דײַן גאָלד...

— שמע... — הייבט דער גוסס אָן.

— ער וועט נישט מפקיר זײַן!—זאָגט דער שלעכטער מלאך און לייגט זײַן שווערן, שווארצן פליגל איבערן גוססעס פּנים, און אונטערן פליגל ווערט דאָס קול צוזאמען מיטן גוסס דערשטיקט.

דער ווײַסער מלאך רוקט זיך אָפּ פאַרשעמט.

---

אין אַ פינצטערער, פאַרגאָסענער האַלבער נאכט, צווישן געדרויש, געשריי און געפילדער אין גיהנום, שנײַדט זיך דורך אַ שארף שנײַדנדיקער באַפעל:

— נחמנקע פון זבאראַש גייט אויס... ער פלעגט זיך שנײַדן די נעגל נישט איבערגעהיפּט, אוועקוואַרפן... נישט איין מאָל פאַר־געסן מנחה צו דאַווענען. ווער גייט נאָך זײַן נשמה?

— איך! — רופט זיך אָן אַ מלאך־חבלה.

— גרייט דערווײַל צו אַ קאָכנדיקן קעסל סמאָלע!

ער שפּרינגט אונטער און פליט ארויס פון גיהינום...

געשווינד פליִען שלעכטע מלאָכים, צום גליק אָבער גוטע אויך; די גוטע זענען אפשר ווײַטער פון אונדז, נאָר דאָס גרעסטע רחמנות טראָגט זיי...

און אַז דער מלאך-חבלה איז צום קראַנקנס בעט געקו־מען, האָט ער שוין צוקאָפּנס אַ ווײַסן גוטן מלאך געטראָפן. ער איז געזעסן און האָט געטרייסט:

— שרעק זיך נישט, אָרעמער מענטש, פאַרן טויט... עס איז נאָר אַ בריק, אַ קורצע גרענעץ צווישן פינצטערקייט און ליכט... פון זאָרג און אומרו אַן איבערגאַנג צו רו און גליק...

נאָר דער קראַנקער, דאַכט זיך, הערט נישט. ער איז פאַרטראָגן, און די פלאַמענדיקע אויגן בלאָנדזשען אַרום אויף די ווענט...

און דער שוואַרצער מלאך בלײַבט שטיין בײַ דער טיר און קוקט פאַרווונדערט...

— האָסט נישט קיין טעות, חבר? — פרעגט ער דעם ליכטיקן מלאך.

— ניין! — ענטפערט דער גוטער.—איך בין געשיקט גע־וואָרן נאָך דער נשמה, נאָך דער ריינער באַרעמהאַרציקער נשמה; די קענסט איבער איר קיין שליטה נישט האָבן!

— ער האָט נישט על-פּי-דין די נעגל געשניטן!...

— איך ווייס, -- האַקט אים איבער דער גוטער מלאך.— נאָר דערפאַר קיין אײנציקע רגע פאַר זיך נישט געלעבט... נאָר פאַר שוואַכע און קראַנקע, פאַר אַלמנות און יתומים, פאַר פאַרפינצטערטע, פאַרוואָגלטע, פאַרמאַטערטע...

— בײַ אונדז אין בוך איז פאַרשריבן, וויפל מאָל ער האָט מנחה פאַרפעלט...

— נאָר קיין מאָל נישט פאַרפעלט, ווען מען האָט געדאַרפט עמעצן העלפן, קיין מאָל נישט פאַרגעסן צו טרייסטן, צו האַר־ציקן און צו קרעפטיקן דאָרט, ווו די פליגל זענען אַראָפּגע־פאַלן מיד, ווו די גאַל האָט געזאָלט די רייניסטע נשמה פאַר־גיסן, ווו די לעצטע האָפענונג, האָט זיך געדאַכט, איז פאַר־שוווּנדן... ער האָט זיך קיין הויז נישט געבויט... דעם דאַך איבערן קאָפּ נישט פאַרריכט, זײַן בעט זיך נישט ווייך געבעט,

קיין ליבשאַפט בײַ קיין פרוי נישט געזוכט. אויף קיין נחת פון קינדער נישט געהאָפט... נאָר אַלץ פאַר אַנדערע... ווײַל אַלע אַנדערע האָט ער געהאַלטן בעסער פאַר זיך...

שוואַרצע וואָלקנס ציִען זיך אין דרויסן איבערן הימל... אויף אַ רגע שנײַדט זיי דורך אַ בליץ. נאָר ער ווערט פאַר-לאָשן און באַלד פעסטער ציִען זיך, נאָך ענגער שליסן זיך צו-זאַמען די דיקע, פינצטערע וואָלקנס.

דער בליץ האָט צום לעצטן מאָל דעם גוסס געוועקט.

— ווער איז דאָ בײַ מיר? ווער זיצט מיר צוקאָפּנס? — פרעגן די פאַרברענטע ליפּן.

— איך, איך, אַ ליכטיקער מלאך, פון זײַן ליבן נאָמענס ליכטיקער פמליא... און פון זײַן ליבן נאָמען נאָך דײַן נשמה געשיקט!... קום מיט מיר!

— וואָהין? — פרעגט דער קראַנקער.

— צום הימל אַרויף, אין גן-עדן אַרײַן!

— הימל... גן-עדן...—שטאַמלט נאָך דער גוסס אין היץ.— און ווי אַזוי לעבט זיך דאָרט אין הימל, אין גן-עדן דאָרט?

— גוט... פון גאָטס געגאַד באַשטראַלט, אין גלאַנץ פון כסא הכבוד... מיט גאָלדענע קרוינען אויף די קעפּ...

— גלאַנץ... גאָלד... קרוינען... — שטאַמלט דער גוסס נאָך. — וואָס וועל איך דאָרט טון?

— וועסט נישט דאַרפן טון... דאָרט איז אייביק רו, איי-ביק ליכטיקער נחת, אָן אויפהער שטראַלנדיק גליק... קום!

— אָבער וואָס וועל איך דאָרט טון? — דרייט זיך מיטן לעצטן כח דער גוסס אויס צום מלאך. — איז דאָרט דאָ ווע-מען צו העלפן, געפאַלענע אויפצוהייבן, קראַנקע צו היילן, הונגעריקע צו זעטיקן, דאָרשטיקע די ליפּן צו נעצן, פאַרלוי-רענע צו זוכן און געפינען? דאָס איז דאָך מײַן גליק געווען!...

— ניין, דאָס נישט! — ענטפערט מיט אַ נישט זיכער קול דער מלאך. — דאָס איז דאָרט נישט פאַראַן, דאָרט וועט קיינער נישט דאַרפן דײַן הילף...

— און וואָס וועל איך דאָרט טון, מלאך? דאָרט, וווּ קיינער בדויך מײַן נשמה נישט, מײַן האַרץ נישט, נישט מײַן רחמנותדיקע טרער אין אויג, נישט מײַן וואָרט צו טרייסטן פון

מויל, און גישט מײַן האַנט, אויפגעהויבן צו ווערן פון גרוב?

דער שלעכטער מלאך הערט און שטעקט אַרויס די צונג און באַלעקט זיך... אַ חוזק־שמייכל לייגט זיך אים איבערן מויל פון אויער צו אויער... ער עפנט דאָס מויל און צוויי שורות ווײַסע ציין בליצן אויף אין דער פינצטערער שטוב...

און צערודערט זיצט דער ליכטיקער מלאך און ווייסט נישט, וואָס צו ענטפערן דעם גוסס...

— וואָס פאַרט, מלאך? וואָס פאַרט?

און דער גוטער מלאך דרייט זיך אויס צום פענצטער און קוקט אַרויס צום הימל און וואַרט פון דאָרט אַן עצה און אַ ראַט... נאָר פאַרשלאָסן איז דער הימל. אָן אַ וואָרט, אָן אַ שטראַל, אָן אַ פונק... און עס יאָגן אָן אַלץ נײַע און נײַע, אַלץ שווערערע וואָלקנס — אַ שאָטן פאַלט איבערן ליכטיקן מלאכס פנים, דער הימל זעט אויס האַרט און בייז, אָן רחמנות זעט ער אויס, ער האָט אים נאָך קיין מאָל אַזוי נישט געזען... ער בלײַבט פאַרציטערט.

מיט דער ווײַלע באַנוצט זיך דער שלעכטער מלאך און גענענט זיך צום בעט פון דער צווייטער זײַט.

— קום בעסער מיט מיר, — רוימט ער אײַן דעם גוסס.

— וואוהין?

— דאָרט, ווו דײַן האַרץ גלוסט... צו די אומגליקלעכע, הונגעריקע, לעכצנדיק־דאָרשטיקע... צו די פאַרחלשטע און פאַר־מאַטערטע, צו די פאַרלוירענע, פאַרשאָלטענע, צו די פון גאָט פאַרגעסענע... העלפן וועסטו נישט קענען, אָבער — צוזאַמען לײַדן, מיטפילן...

— איך גיי! איך גיי! — רופט דער קראַנקער אויס מיט קראַפט.

און דער ווײַסער מלאך איז אַוועק מיט ליידיקע הענט...

# די פרומע קאַץ

(סאַטירע)

דרײַ זינגפייגעלעך זענען געווען אין איין שטוב, און אַלע דריי, איינס נאָכן צווייטן — האָט די קאַץ צו רעכט געמאַכט...

עס איז קיין איינפאַכע קאַץ נישט געווען, נאָר אַן אמת, אמת פרומע נשמה, וואָס האָט נישט אומזיסט געטראָגן די ווײַסע גוט־יידישע יופּע, און געהאַט אייגעלעך, אין וועלכע דער הימל האָט זיך געשפּיגלט...

עס איז אַ פרומע קאַץ, אַ טבילה־קאַץ געווען! צען מאָל אין טאָג האָט זי זיך געוואַשן, און געגעסן האָט זי שטיל, ער־געץ אין אַ זײַט, אין אַ ווינקעלע...

אַ גאַנצן טאָג האָט זי געכאַפּט וואָס עס איז מילכיקס, און ערשט אַז די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָט זי געגעסן פלייש, כשר מויזן־פלייש...

און נישט געאײַלט זיך צו דער אַכילה, ווי אַ גראָבע זאַך, נישט געכאַפּט און געשלונגען, ווי פרעסער טוען; נאָר בנעימות, שפּילנדיק... זאָל דאָס מײַזל לעבן נאָך אַ רגע, נאָך אַ רגע... זאָל עס אַ ביסל אַרומטאַנצן, אָפּציטערן, ווידוי זאָגן, — אַ פרומע קאַץ כאַפּט נישט...

אַז מען האָט אין שטוב אַרײַן דעם ערשטן זינגפויגל גע־בראַכט, האָט זי אויף אים באַלד רחמנות באַקומען. עס האָט זי בײַם האַרץ אָנגעכאַפּט.

— אַזאַ שיינס — זיפצט זי—אַזאַ קליינס, אַזאַ מחיהדיק פיי־געלע זאָל קיין עולם הבא נישט האָבן!

— און עס קען קיין עולם הבא נישט האָבן! — איז זיכער די קאַץ.

ערשטנס, וואַשט זיך עס דײַטשמעריש, מיטן גאַנצן לײַב אין שיסעלע וואַסער...

צווייטנס, אַז מען האָט עס אײַנגעזעצט אין שטײַג, איז עס שוין אַ היה רעה — כאַטש אַ יונג, זיס און פײַן זינגפייגעלע, האַלט עס שוין מער פון דינאַמיט, ווי פון שולחן-ערוך!

חײַנט דאָס זינגען אַליין! דאָס אויסגעלאַסענע זינגען, דאָס קוקן גלײַך אָן שום דרך-ארץ אין הימל אַרײַן! ... רײַסן זיך אַרויס פון שטײַג צו דער זינדיקער וועלט, צו ד... ברײַטער לופט, צום אָפענעם פענצטער...

צי איז נאָך אַ מאָל אַ קאַץ אין אַ שטײַג געזעסן? צי האָט נאָך אַ מאָל אַ פרומע קאַץ אַזוי געפיפן, אַזוי זמרי-בן-סלוואדיק געפיפן?

— און אַ שאָד! — וויינט דאָס פרומע האַרץ אין דער פרומער קאַץ. — עס איז דאָך אַ לעבעדיקע זאַך, אַ טײַערע נשמה, אַ פונק פון דער הייך!

און דאָס גאַנצע אומגליק איז, וואָס דער זינדיקער גוף איז אַזוי שיין, דער עולם-הזה דעריבער — אַזוי גלוסטיק, דער יצר-הרע אַזוי שטאַרק...

ווי קען אַזאַ קליין זיס פייגעלע זיך אַנטקעגן שטעלן דעם שרעקלעכן גרויסן יצר-הרע?

און וואָס מער עס לעבט, אַלץ מער זינדיקט עס, גרעסער ווערט זײַן די שטראָף...

האָ!

און אַ הייליק פײַער האָט זיך אָנגעצונדן אין דער קאַץ, דאָס פײַער פון פנחס בן אלעזר בן אַהרן הכהן... און זי איז אַרויפגעשפרונגען אויפן טיש, ווו די שטײַג מיטן זינגפייגעלע איז געשטאַנען און —

עס פליִען שוין פעדערן אין צימער...

מען האָט די קאַץ געשלאָגן... די שלעג נעמט זי אָן פאַר ליב... זי האָט פרום אָפּגעקרעכצט, אָפּגעמיאַוטשעט אַ יאָמערלעכן על חטא...

מער וועט זי שוין נישט זינדיקן...

די קלוגע קאַץ פאַרשטייט, פאַר וואָס מען האָט זי גע־שלאָגן. מער וועט זי אויף קיין שלעג נישט פאַרדינען...

מען האָט זי געשלאָגן, פאַרשטייט די קאַץ, דערפאַר, ווײַל זי האָט פאַרפעדערט די שטוב, ווײַל אויפן ווײַסן געשטיקטן טישטעך זענען געבליבן פלעקן פון בלוט.

און — אַז מען האָט דעם צווייטן זיגפויגל געקויפט און אין שטוב געלאָזט, האָט זי אים שוין שטיל און פײַן דערוואָרגן און מיט די פעדערן צוזאַמען אײַנגעשלונגען...

מען האָט די קאַץ געשמיסן...

אַצינד האָט ערשט די קאַץ פאַרשטאַנען, אַז נישט וועגן פעדערן גייט עס, נישט וועגן פלעקן פון בלוט אויפן טישטעך...

דער סוד איז, אַז מען טאָר נישט טייטן, אַז מען דאַרף ליב האָבן, מוחל זײַן, אַז נישט מיט אַרבע מיתות בית־דין פאַרבע־סערט מען די זינדיקע וועלט!

מען דאַרף מחזיר למוטב זײַן, מוסר זאָגן, צום האַרץ רעדן!

אַ קאַנאַרעק אַ בעל־תשובה קען קומען צו אַזאַ מדרגה, צו וועלכער די פרומסטע קאַץ וועט נישט דערגרייכן!

און די קאַץ דערפילט, ווי עס וואַקסט אין איר—דאָס האַרץ פאַר פרייד! אויס אַלטע, שלעכטע און האַרטע צײַטן! אויס בלוט פאַרגיסן!

רחמנות, רחמנות, און נאָך אַ מאָל רחמנות...

און מיט רחמנות איז זי צוגעגאַנגען צום דריטן קאַנאַרעק:

— שרעק דיך נישט! - מאַכט זי מיט דער ווייכסטער שטי־מע, וואָס איז אַ מאָל אַרויס פון אַ קאַצישן האַלדז. — זינדיק ביס־ט, נאָר איך וועל דיר קיין שלעכטס נישט טאָן. ווײַל איך האָב רחמנות אויף דיר!

איך וועל דיר אַפילו די שטײַג נישט עפענען, איך וועל דיך אַפילו נישט אָנרירן!

דו שווײַגסט? זייער גוט! איידער פרעכע לידער צו זינגען, איז גלײַכער צו שווײַגן!

דו צאַפּלסט? נאָך בעסער! צאַפּל, צאַפּל, מײַן קינד, נאָר נישט פאַר מיר, פאַרן בורא עולם צאַפּל, פאַר זײַן ליבן נאָמען! הלוואַי זאָלסטו שוין אַזוי בלײַבן — שטיל, ריין און צאַפּלדיק...

איך וועל דיר העלפן צאַפּלען! מיט מײַן פרומער נשמה וועל איך הויכן אויף דיר שטילקייט, זיסקייט און פרומקייט... מיט מײַן הויך זאָל אַרײַן אמונה אין דײַן לײַב, יראת שמים אין דײַנע ביינדעלעך, תשובה און חרטה אין דײַן הערצעלע!

און די קאַץ פּײַלט ערשט. ווי גוט עס איז מוחל צו־זײַן, ווי אַ פריידּ עס איז יענעם אַרײַנצוּבלאָזן מיטן הויך פרומקייט און ערלעכקייט...

און עס וואַקסט דאָס פרומע האַרץ אין דער פרומסטער ווייסער קאַץ —

ביז דער קאַנאַרעק קען אין דער קאַצנלויפט נישט אָטעמען —

עס האָט אים דערשטיקט!

# אויב נישט נאָך העכער

(פון „חסידיש")

און דער נעמיראָווער פלעגט סליחות־צײַט יעדן פרימאָרגן נעלם ווערן, פאַרשווינדן!

מען פלעגט אים נישט זען אין ערגעץ: נישט אין שול, נישט אין ביידע בתי־מדרשים, נישט בײַ אַ מנין, און אין דער היים אוודאי און אוודאי נישט. די שטוב איז געשטאַנען אָפן. ווער עס האָט געוואָלט, איז אַרײַן און אַרויס געגאַנגען; גע־גנבעט בײַם רבין האָט מען נ י ש ט, אָבער קיין לעבעדיק באַשעפעניש איז נישט געווען.

וווּ קען זײַן דער רבי?

וווּ זאָל ער זײַן? מן הסתם אין הימל! ווייניק געשעפטן האָט אַ רבי פאַר ימים־נוראים צו פאַרזאָרגן? ייִדעלעך, קיין עין־הרע, דאַרפן פּרנסה, שלום, געזונט, גוטע שידוכים, ווילן גוט און פרום זײַן, און די זינד זענען דאָך גרויס, און דער שטן מיט זײַנע טויזנט אויגן קוקט פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער, און ער זעט, און פאַרקלאָגט, און מסרט... און ווער זאָל העלפן, אז נישט דער רבי?

אזוי האָט דער עולם געטראַכט.

איין מאָל איז אָבער אָנגעקומען אַ ליטוואַק, לאַכט ער! איר קענט דאָך די ליטוואַקעס: פון מוסר־ספרים האַלטן זיי ווייניק, דערפאַר שטאָפּן זיי זיך אָן מיט ש״ס ופוסקים. ווײַזט דער ליטוואַק אַ בפירושע גמרא — די אויגן שטעכט ער אויס. אַפילו משה רבינו, ווײַזט ער, האָט בײַם לעבן נישט געקאָנט אַרויף אויפן הימל, נאָר זיך געהאַלטן צען טפחים אונטערן הימל! נו, גיי שפּאַר זיך מיט אַ ליטוואַק!

— ווו דען קומט אַהין דער רבי?

— מײַן דאגה! — ענטפערט ער און ציט מיט די אַקסל, און תוך כדי דבור (וואָס אַ ליטוואַק קען!) איז ער זיך מיישב צו דערגיין די זאַך.

נאָך דעם זעלבן פאַרנאַכט, באַלד נאָך מעריב, גנבעט זיך דער ליטוואַק צום רבין אין חדר אַרײַן, לייגט זיך אונטערן רבינס בעט, און ליגט. ער מוז אָפּוואַרטן די נאַכט און זען, ווו דער רבי קומט אהין, וואָס ער טוט סליחות־צײַט.

אַן אַנדערער וואָלט אפשר אײַנגעדרימלט און פאַרשלאָפן די צײַט. אַ ליטוואַק טוט זיך אַן עצה: לערנט ער זיך אויסנווייניק אַ גאַנצע מסכתא!

פאַר טאָג הערט ער, ווי מען קלאַפּט צו סליחות.

דער רבי איז שוין נישט געשלאָפן אַ צײַט. ער הערט אים שוין אפשר אַ גאַנצע שעה קרעכצן.

ווער עס האָט געהערט דעם נעמיראָווער קרעכצן, ווייס, וויפל צער פאַר כל ישראל, וויפל יסורים עס האָט געשטעקט אין זײַן יעדן קרעכץ... די נשמה פלעגט אויסגיין, הערנדיק דאָס קרעכצן! אַ ליטוואַק האָט דאָך אָבער אַן אײַזן האַרץ, הערט ער צו און ליגט זיך ווײַטער! דער רבי ליגט זיך אויך: דער רבי, זאָל לעבן, אויפן בעט, דער ליטוואַק אונטערן בעט.

דערנאָך הערט דער ליטוואַק, ווי די בעטן אין הויז הייבן אָן סקריפּען... ווי די בני־בית כאַפּן זיך אַרויס פון די בעטן, ווי מען מורמלט אַ ייִדיש וואָרט, מען גיסט וואַסער אויף די נעגל, עס קלאַפּן אויף און צו די טירן... דערנאָך איז דער עולם אַרויס פון שטוב, עס ווערט ווײַטער שטיל

און פינצטער, דורכן לאָדן שײַנט קוים אַרײַן אַ קליין ביסל ליכט פון דער לבנה...

מודה האָט ער געװוּנצן, דער ליטוואַק, אַז װען ער איז געבליבן אײנער אַליין מיטן רבין, איז אים באַפאַלן אַן אימה. די הויט איז שוין אים אויפגעלאָפן פאַר שרעק, די וואָרצלען פון די פאות האָבן אים געשטאָכן אין די שלייפן ווי נאָדלען.

אַ קלייניקייט: מיטן רבין, אין סליחות-צײַט, פאַר טאָג, אַליין אין שטוב!...

ענדלעך שטייט דער רבי, זאָל לעבן, — אויף...

פריִער טוט ער װאָס אַ ייִד דאַרף טאָן... דערנאָך גייט ער צו צו דעם קליידער-אַלמער און נעמט אַרויס אַ פּעקל... עס באַווײַזן זיך פויערשע קליידער: לײַוונטענע פּלודערן, גרויסע שטיוול, אַ סערמיענגע, אַ גרויס היטל מיט אַ ברייטן לאַנגן לעדערנעם פּאַס, אויסגעשלאָגן מיט מעשענע נעגעלעך.

דער רבי טוט עס אָן...

פון דער קעשענע פון סערמיענגע, שטאַרט אַרויס אַן עק פון אַ גראָבן שטריק... פון אַ פויערשן שטריק!

דער רבי גייט אַרויס; דער ליטוואַק — נאָך!

דורכגייענדיק, טרעט אָפּ דער רבי אין קיך, בייגט זיך אײַן, פון אונטער אַ בעט נעמט ער אַרויס אַ האַק, פאַרלייגט זי אונטערן פּאַס און גייט אַרויס פון שטוב.

דער ליטוואַק ציטערט, נאָר ער טרעט נישט אָפּ.

אַ שטילער ימים-נוראימדיקער פּחד וויגט זיך איבער די טונקעלע גאַסן. אָפּט רײַסט זיך אַרויס אַ געשריי פון סליחות פון ערגעץ אַ מנין, אָדער אַ קראַנקער קרעכץ פון ערגעץ אַ פענצטער... דער רבי האַלט זיך אַלץ אין די זײַטן פון די גאַסן, אין די שאָטן פון די הײַזער... פון איין הויז צום אַנדערן שווימט ער אַרויס און דער ליטוואַק נאָך אים...

און דער ליטוואַק הערט, ווי זײַן אייגן האַרץ קלאַפּט מישט זיך צוזאַמען מיטן קול פון רבינס שווערע טריט; אָבער גיין גייט ער, און קומט צוזאַמען מיטן רבין אויס דער שטאָט אַרויס.

הינטער דער שטאָט שטייט אַ וועלדל.

דער רבי, זאָל לעבן, נעמט זיך אין װעלדל אַרײַן. ער

מאכט אַ דרײַסיק-פּערציק טריט און שטעלט זיך אָפּ בײַ אַ ביימל, און דער ליטוואַק ווערט נבהל ונשתומם זעענדיק, ווי דער רבי נעמט אַרויס פֿון פּאָס די האַק און שלאָגט אין ביימל אַרײַן.

ער זעט, ווי דער רבי האַקט און האַקט. ער הערט ווי דאָס ביימל קרעכצט און קנאַקט. און דאָס ביימל פֿאַלט, און דער רבי שפּאַלט עס אויף ליפּעס... די ליפּעס — אויף דינע שפּײַטלעך; און ער מאַכט זיך אַ בינטל האָלץ, נעמט אַרום מיטן שטריק פֿון קעשענע, ער וואַרפֿט דאָס בינטל האָלץ אי-בער די פּלייצעס, שטעקט צוריק אַרײַן די האַק אינעם פּאָס, לאָזט זיך אַרויס פֿון וואַלד צוריק אין שטאָט אַרײַן.

אין אַ הינטערגעסל שטעלט ער זיך אָפּ בײַ אַן אָרעם, האַלב אײַנגעבראָכן הײַזל און קלאַפּט אָן אין פֿענצטערל.

— ווער איז?-פֿרעגט מען דערשראָקן פֿון שטוב אַרויס. דער ליטוואַק דערקענט, אז עס איז אַ קול פֿון אַ ייִדענע, פֿון אַ קראַנקער ייִדענע.

— יאַ! — ענטפֿערט דער רבי אויף פּויעריש לשון.

— קטאָ יאַ? — פֿרעגט מען ווײַטער פֿון שטוב.

און דער רבי ענטפֿערט ווײַטער אויף מאַלאָרוסיש לשון:

— וואַסיל!

— וואָס פֿאַר אַ וואַסיל און וואָס וואַסיל? — וואָס פֿאַר אַ וואַסיל און וואָס וואָסיל?

— האָלץ—זאָגט דער פֿאַרשטעלטער וואַסיל,—האָב איך צו פֿאַרקויפֿן! זייער ביליק... בחצי חנם האָלץ!

און, נישט וואַרטנדיק אויף תשובה, נעמט ער זיך אין שטוב אַרײַן.

דער ליטוואַק גנבעט זיך אַרײַן אין בײַם גרויסן ליכט פֿון פֿײַער מאַרגן זעט ער אַן אָרעמע שטוב, צעבראָכן, אָרעם כּלי-בית... אין בעט ליגט אַ קראַנקע ייִדענע, פֿאַרוויקלט מיט שמאַטעס, און זי זאָגט מיט אַ ביטער קול:

— קויפֿן? מיט וואָס זאָל איך קויפֿן? ווו האָב איך, אָרעמע אַלמנה, געלט?

— איך וועל דיר באָרגן!—ענטפֿערט דער פֿאַרשטעלטער וואַסיל. — אין גאַנצן זעקס גראָשן!

— פון וואַנען וועל איך דיר באַצאָלן? — קרעכצט די אָרעמע יידענע.

— נאַריש מענטש, — מוסרט זי דער רבי. — זע, דו ביסט אַן אָרעמע קראַנקע יידענע און איך געטרוי דיר דאָס ביסל האָלץ, איך בין בטוח, אַז דו וועסט באַצאָלן; און דו האָסט אַזאַ שטאַרקן, גרויסן גאָט, און געטרויסט אים נישט... און האָסט אויף אים אויף נאַרישע זעקס גראָשן פאַרן ביסל האָלץ קיין בטחון נישט!

— און ווער וועט מיר אײַנהייצן? — קרעכצט די אַלמנה. — איך האָב דען כוח אויפצושטיין? מײַן זון איז אויף דער אַרבעט געבליבן.

— איך וועל דיר אײַנהייצן אויך, — זאָגט דער רבי.

און אַרײַנלייגנדיק דאָס האָלץ אין אויוון, האָט דער רבי קרעכצנדיק געזאָגט פון סליחות דעם ערשטן פזמון...

און אַז ער האָט עס אונטערגעצונדן, און דאָס האָלץ האָט פריילעך געברענט, האָט ער געזאָגט, שוין אַ ביסל לוסטיקער פון די סליחות דעם צווייטן פזמון...

דעם דריטן פזמון האָט ער געזאָגט, ווען עס האָט זיך אויסגעברענט און ער האָט די בלעך פאַרמאַכט...

---

דער ליטוואַק, וואָס האָט דאָס אַלץ געזען, איז שוין געבליבן אַ נעמיראָווער חסיד.

און שפּעטער, אויב אַ חסיד האָט אַ מאָל דערציילט, אַז דער נעמיראָווער הייבט זיך אויף, סליחות-צײַט, יעדן פרימאָרגן, און פליט אַרויף אין הימל אַרײַן, פלעגט שוין דער ליטוואַק נישט לאַכן, נאָר צוגעבן שטילערהייט:

— אויב נישט נאָך העכער!

